מאריא קאנאפניצק.

# מענדיל דאנציגער

א פאגראם בילד.

איבערזעצט פ. קאפנער.



ווארשא תרסז

פערלאג פ. קאנטאראוויץ.

דרוק חברה „ישרון", פינסק № 20

מאריא קאנאפניצק.

# מענדיל דאנציגער

אפאגראם בילד.

איבערזעצט פ. קאפנער.



ווארשא תרסז

פערלאג פ. קאנטאראוויץ.

דרוק חברת „ישרון", פינסקא № 20

נאָך פֿון נעכטען איז געווען אונרוהיג אין גאַס. דער אַלטער מענדיל האָט אָפטער ווי געוועהנליך געפּאַקט זיין קורצע לילקע, און האָט מיט פֿערוואונדערונג געקוקט אין פֿענסטער אַריין. די דאָזיגע מענשען האָט ער דאָ קיינמאָהל נאָך ניט געזעהן. וואוהין געהן זיי? וואָס שטעלען זיי אָב די אַרבייטער, וועלכע איילען צו דער נייער געביידע, וואָס גרייליך דער צוויירען־פֿאַבריקאַנט בויעט? פֿון וואַנען האָבען זיך גענומען אַהער די דאָזיגע אָבגעריסענע יונגען? וואָס נישטערען זיי אַזוי אין יעדען ווינקעלע? ווי האָבען די דאָזיגע מענשען געקאָנט נעהמען געלד, וואָס זיי געהען צו עטליכע מאַן אין טראַקיר אַריין?

דער אַלטער מענדיל, האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט געשמאָקעט זיין אויסגעצויגענע קליינע, פֿון קאַרשען־האָלץ געמאַכטע, לילקע. ער האָט אַזוי גוט געקאָנט די שטילע גאַס, איהר אויסזיכט, איהר בעוועגונג, איהר גערויש, איהר גאַנצעס לעבען!

ער האָט געוואוסט, ווען, און פֿון וואָס פֿאַר אַ ווינקעל וועט אויפֿגעהן אין דער'פֿריה די קלאָרע זוהן; ווי אַזוי די קינדער, קלאַפּענדיג מיט די פּיסלעך, וועלען גאַנץ פֿריה דורכלויפֿען אין צופֿלוכטס־הויז אָדער שול אַריין; ווי אַזוי עס וועלען דורכגעהן די אויסגעמאַטערטע מיידלעך אין ציגאַרען־פֿאַבריק אַריין, מיט די בלעכענע פּושקעלעך אין די הענד; ווי אַזוי אויף דעם אַלטען, צובראָכענעם טראָטואַר וועלען זיך אָבשטעלען די ווייבער מיט די קוישלעך, און ווייזענדיג איינער דער צווייטער דאָס געקויפֿטע גאָרטען־וואַרג, און זיך בעקלאָגען אויף דעם יָקרות אויף עהער, פּוטער און פֿלייש; ווי אַזוי די אַרבייטער אין די שווערע און גראָבע שטיוועל וועלען דורכגעהן אין מיט'ן שאָסע מיט די מאָרבעלעך אונטער די אָרעמ'ס און מיט די פּעסליך, לאָפּעטעס, העק און זעגען אין די הענד. נאָר דאָס! ער האָט אַפּילו געוואוסט ווי די פֿויגעלעך מאַכען זייערע נעסטען אויף די געזימסען

פון דער אַלטער ברויערײַ, אָדער אויף די צווײַגען פון דעם אַלטען פּאַפּעל־בוים, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין קראַפט צו לעבען אין קיין חשק צו שטאַרבען. מענדיל האָט אַפילו געקאָנט, ניט קוקענדיג דורכ'ן פענסטער, אײַנהערען זיך אין שטוב, און וויסען אַקוראַט מיט וואָס פאַר אַ בעזים, צו מיט אַ אַלטען, צו מיט אַ נײַעם, פערקעהרט די גאַס, פּאַוועל דער וועכטער.

און ווי אַזוי האָט דען מענדיל דאַנציגער געקאָנט ניט זעהן דאָס אַלעס, אַז גאַנצע זיבען און צוואַנציג יאָהר שטעהט ער אין דעם צימער נעבען פענסטער אין ווערקשטאַט, און בינט־איין ביכער אַז שטעהענדיג אין לעדערנעם פאַרטוך פינף און צוואַנציג יאָהר בײַ דעם הילצערנעם שרויפ־פּרעס, האָט ער געקוקט אויף דער גאַס, וועלכע האָט אויסגעזעהן בײַ איהם, אַלס אַ אָבגעשלאָ־סען, אָבגעזונדערט וועלטעל אין דער גרויסער שטאָדט.

די מינדערסטע קלײַניגקײט פון דעם וועלטיל, האָט מענ־דיל געקאָנט ווי זײַנע פינף פינגער. ער האָט געוואוסט ווען עס איז שוואַכער אָדער שטאַרקער געוואָרען דער הוסט בײַ דעם אַלטען אַרחיוו־דינער, וועלכער פלעגט איהם ברײַנגען דיקע, גרויסע, פערשימעלטע ביכער; ער האָט געוואוסט ווי אַזוי עס שמעקט די פּומאַדע פון דעם אַדוואָקאַטס שרײַבעריל, פאַר וועלכען ער האָט צונויפגענעהט די פּאַפּירען; ער האָט געוואוסט, ווען זאָסיע וועט קומען פון דער נאַטשאַלניצע מיט אַ ביטע, אַז מען זאָל איהר לשנה־טובה קאַרטיל מיט דעם אויסגעמאָלטען גאָט פון ליעבע אײַנפּאַסען אין אַ שײן רעמיל; ער האָט געוואוסט, ווען דער סטודענט, וואָס האָט געוואוינט אויף דער פּאַציאַטקע, האָט צוגעפּאַסט; ער האָט געוואוסט פון וואָס פאַר אַ זײַט וועט אַרײַן לויפען צו איהם פערסאַפּעט די פּאַנסיאָנערקע און וועט איהם בעטען מאַכען איהר „העל־בלאָהע טאָוולען מיט גאָלדענע שנירלעך" פאַר די געדיכטע פון טשעסלאַוו און גאַוועלוויג. וואָס זי האָט איבערגעשריבען אויף פּאָסט־פּאַפּיר.

אַלעס וואָס ער האָט נאָר געקאָנט זעהן און הערען אויף רעכטס און לינקס האָט ער געוואוסט.

און איהם האָבען אויך אַלע געקאָנט. זעלטען ווען איז

אַ הער געקומען אַ פֿרעמדער מענש; דאָ זענען געווען אַלץ זיינינגע, היימישע.

דער אַלטער זייגערמייסטער פֿון געגען־איבער האָט איהם זומער דורכ'ן פֿענסטער אַלע טאָג אָבגעגעבען „אַ גוט מאָרגען" און האָט געפֿרעגט מכּה ביסמאַרקען; דער שווינדזילטיגער שטריקען־דרעהער האָט אָנגעטשעפּעט די פֿעדעם אין הענטיל פֿון זיין טיהר און הוסענדיג האָט ער געדרעהט דעם שטריק; דער דאַרער סטודענט פֿון דער פֿאַציאַטע, האָט אַרויסגעריקט זיין קאָפּ מיט דעם לאַנגען האַלז דורכ'ן פֿענסטער, און האָט איהם געבעטען אויסבאָרגען דעם חלבדיגען שנויץ, וועלכען ער וועט „באַלד ווי ער וועט נאָר אַביסעל אָבשרייבען, אומקעהרען צוריק".

די אידענע פֿונ'ם שפּייז־געזועלב האָט איהם דורכ'ן פֿענסטער פּראָפּאָנירט אויסטווישען איהר שוואַרצען רעטעך אויף זיינע קאָלירענדיגע פּאַפּיר־שניצליך, פֿון וועלכע די קינדער מאַכען לופֿט־שלענג; דעם בעל הבית זיהנדעלע איז געזעסען ביי איהם שעהן־ווייז און האָט ערוואַרטעט, אויף אַ פֿרייער מינוט, ווען מענדיל וועט צייט האָבען צו געבען איהם שטיקלעך קאַרטאָן, דערווייל האָט ער זיך צוגעקוקט צו דער שער, און האָט זיך געוואונדערט וואָס זי איז אַזאַ גרויסע, ער האָט געפּרובט נעהמען אין די הענד־אַריין דאָס עמעריל, ער האָט אַריינגע־קוקט אין פּאַפּ־טאָפּ אַריין, און האָט שיעור ניט פֿערזוכט, דאָס מאַכל. זיין גוטהערציגקייט האָט בעשאַפֿען אַרום איהם עפּעס אַ וואַרעמע, פֿריינדליכע אַטמאָספֿערע, ניט שלעכט האָט זיך בעדאַרפֿט פֿיהלען אין דער אַטמאָספֿערע דער אַלטער מענדיל! גישט קוקענדיג אויף זיינע זיבען און זעכציג יאָהרען. האָט ער נאָך געהאַט אין זיך אַ סך לעבען. זיין ריין יודישעס, אין דער פּראַצע פֿערוועלקטעס געזיכט, האָט אויסגעזעהן פֿיין אין רוהיג.

אויפֿ'ן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ סך גראָהע האָר, און די באָרד איז שוין פֿאָלקאָמען גראָה געווען. זיין איינגעפֿאַלענע ברוסט האָט זיך אָפּט שווער פֿון אונטער דעם פֿאַרטוך געהויבען און דער איינגע'הוקערטער רוקען האָט עפּיס גאָר ניט געוואָלט זיך אויסגלייכען. נאָר כּל־זמן די הענד און אויגען האָבען איהם

געדינט, האָט ער ניט געהאַט פֿון וואָס צו האָבען עגמת=נפש. אַז מענדלין האָט אָנגעהויבען שטעכען אין רוקען, האָט ער אַוועקגעלייגט די אַרבייט און האָט אָנגעשטאָפּט אַ ליולקע מיט טאַבאַק און רויכערענדיג האָט ער זיך אָבגערוהט. דער טאַבאַק, וואָס מענדיל האָט געראויכערט, האָט זיך ניט אַזוי גוט אויסגעצייכענט מיט זיין קוואַליטעט, נאָר פֿון דעסטוועגען האָט ער זעהר הנאה געהאַט פֿון איהם. אַרויסלאָזענדיג אַזאַ שעהנעם, בלאָהען רויך. דער דאָזיגער רויך איז נאָך מיט דעם גיט געווען, וואָס אין איהם האָט זיך אָבגעשפּיגעלט די פֿערגאַנגענהייט, יענע צייט, וועלכע וועט זיך שוין ניט אומקעהרען.

אין איהם האָט זיך געזעהן אַז רייזעל, זיין ווייב, מיט וועלכער ער האָט אַזוי גוט פֿערבראַכט דרייסיג יאָהר, אי זיינע זיהן, וועלכע זענען צוליעב פּרנסה פֿערוואָרפֿען געוואָרען, ווי די דורך דעם ווינד געטריבענע בלעטער, אי די קינדער פֿון די זיהן, אי די פֿערשידענע צרות, אי די פֿרייד, אי ז'ער צער; נאָר מעהר ווי אַלעם האָט זיך אין איהם געזעהן זיין יונגערע טאָכטער לאה, וועלכע מ'האָט צו יונג חתונה געמאַכט און פֿריהצייטיג פֿערלאָשען געוואָרען; נאָר איין איינקעל איז מענדלין געבליבען פֿון איהר. אַז מענדיל האָט פֿערראויכערט זיין ליולקע האָט זיך געהערט פֿון זיין מויל אַמורמלערייַ.

אַז די ליולקע האָט זיך בעסער צוראויכערט און דאָס בלאָהע רויכעלע האָט איהם געבראַכט מיט זיך ווייטע בילדער, אזעלכע, וועלכע וועלען קיינמאָהל ניט לעבעדיג ווערען, האָט זיך זיין מורמלערייַ פֿערשטאַרקט און עס האָט זיך פֿערוואַנדעלט אין אַמין קרעכצען. דאָס איז אַ מענשליכע נשמה, די נשמה פֿון דעם אַלטען יודען. זי האָט איבערגעלעבט איהרע צרות, איהרע בענגשאַפֿט, און ער האָט זי פֿערהילעכצט מיט זיין אַרבייט.

אין דער צייט האָט די שכנה פֿאַר איהם אַרייַנגעטראָגען אין איין האַנד אַזופּ פֿון צו=ווייקט ברויט, אין דער צווייטער אַ צוגעדעקטען טעלער מיט פֿלייש אין גרינס. מענדיל האָט צוגענומען ביי איהר דעם אָרעמען מיטאָג, און האָט אַוועקגעשטעלט אויפֿ'ן אייזערנעם אויוועלע און האָט געוואַרט. די ערוואַרטונג

האָט ניט לאַנג געדױערט. באַלד האָט זיך געעפֿענט מיט אַ ליאַרם אין אַ געפּילדער די טהיר פֿון אַנדערען צימער און עס איז אַרײַנגעקומען אַ קלײנינקער גימנאַזיסט אין זעהר אַ לאַנגען שינעל, מיט דער „פּוראַזשקע" אַראָפּגערוקט איבער האַלז אין נאַקען, און מיט אַראַניעץ אויף די פּלײצעס. די מוטער, פֿון דעם דאָזיגען צעהן־יעהריגען יונגעל, איז געװען מענדילס יונגערע טאָכ־טער. די מוטער האט איהם איבערגעגעבען איהרע שענע גאָלד־פאַרביגע האָר, די לאַנגע, טונקעלע ברעמען און די קלײנינקע ליפּעלעך, און דער נײדע, די אָדלער נאָז אין דעם שמאָלען, הויכען שטערן. אָן דעם שינעל האָט מען אָנגעזעהן װי קלײן אין דאַר ער איז. דער אַלטער מענדיל, האָט כּסדר װעגען איהם געדאַגה'ט. זײן העלע פאַרב איז גענוכט, זײן אָפּט הוסטען, זײן שװאַכע ברוסט און די צונױפגענומענע פּלײצע האָבען שטענדיג ערװעקט בײ מענדלין דאגות. ער האָט שטענדיג אױסגעקליבען פֿאַר איהם די בעסערע שטיקלעך פלײש, האָט איהם צוגעגאָסען זופּ אין טעלער אַרײן און האָט איהם פרײנדליך געגלעט די פּלײצעס און האָט איהם געשיקט זיך שפּילען מיט די קינדער, אױפֿן הױף.

זעלטען װען דאָס יונגעל איז אײַנגעװיליגט געװאָרען דע־רױף. איהם האָבען ערמידעט די לעקיאָנען, דעם שװערע שינעל, דער ראַניעץ אין דאָס גאַנצע געפּעק; קאָם װאָס ער האָט געשלאָג־טעט מיט די פּיס, און װען אַפּילו ער האָט אַשמײכעל געטוהן, האָבען זײנע שװאַרצע אױגען אױסגעזעהן עפּיס אומעטיג.

נאָכ'ן מיטאָג, האָט ער זיך געזעצט צום טיש, אַרױסגע־נומען די ביכער און די העפטען, און דער אַלטער מענדיל איז זיך געגאַנגען צום װערקשטאַט. חאָטשע דאָס אינגעלע איז געזע־סען שטיל און האָט זעלטען װען געשטיפט, איז דאָך צו בע־מערקען געװען, װי מענדלין האָט עפּיס געשטערט די אַרבײט. אַליין מאָהל האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויף זײן אײניקעל, און אַז ער האָט בעדאַרפט האָבען דעם פּאַפּ. װעלכען ער װאָלט געקאָנט גלײך פֿון אָרט דערלאַנגען, איז ער געגאַנגען אַרום דעם װערקשטאַט דאָרטען װי דער גימנאַזיסט איז געזעסען, אַלס איהם אַ גלעט צו טוהן, איבער די דורכזיכטיגע בעקלעך.

דאָס אינגעלע, וועלכעס, ווי עס זעהט אוים, איז שוין געוואוינט געוועזן צו דעם, וואָס מענדיל האָט איהם געגלעט, האָט ניט איבערגעריסען זיין אַרבייט, שאָקלענדיג זיך אויפ'ן טאַבורעט, דער אַלטער איינבינדער איז מיט דעם אויך געווען צופריעדען און איז זיך אויף די שפיץ פינגער, שטילערהייד צוריק צום ווערקשטאַט געגאַנגען.

פרייטאָג האָט זיך דאָס בילד געענדערט. דאָס יונגעלע האָט שוין געלערנט נעבען פענסטער, ווייל עס איז געוואָרען ענג און ער האָט זיך ניט געקאָנט וויעגען אויפ'ן טאַבורעט. און אויף דעם איז מיט אַ טישטוך בעדעקט געוואָרען אַנ'שטאָד אַ טיש, די שכנה האָט אַוועקגעשטעלט פיש, לאָקשען, אין די וואָס נאָר פון דעם אויוווען אַרויסגענומענע. פעטע פערברוינטע קאַטשקע.

די ליכט, און די צינערנע לייכטער. האָבען יום-טובדיג בע-לויכטען דאָס צימער.

דער אַלטער מענדיל האָט אַרויפגענומען אויף זיך די אַבי-סעל אָבגענוצטע, גוטע קאַפּאָטע, און האָט זיך אונטער-געגאַרטעלט ער האָט הנאה געהאַט, ווען ער האָט פערשטעקט אונטער איהם זיינע מידע פינגער. די יאַרמעלקע האָט בעדעקט זיינע גראָהע האָר, און דער סקריפ פון די נייע שטיוועל מיט די לאַנגע חאָלעוועס האָט פערפולט דאָס צימער מיט אַ מין אָנגע-נעהמענע טענער. אַז דער מיטאָג איז פאַרטיג געוואָרען, האָט דאָס אינגעלע זיך אָבגעוואַשען, פערקעמט זיין ווייכע, טונקעלע האָר, ער האָט אָנגעטוהן דעם קראַגען מיט די מאַנקעטען און איז געשטאַנען מיט דרך-ארץ, ווען דער זיידע האָט זיך גענומען צום טלית און סידור.

אין אַ מינוט אַרום האָט זיך געלאָזט הערען אַ הויכער ניגון פון זיין דאַווענען. אַלערליי טענער האָט געהאַט זיין ניגון אין אָפּט מאָהל זענען זיי איבערגעגאַנגען אין אַ מין שטאַרק-קלאָגענדיגען יאָמער.

אונטער דעם איינדריק פון דעם זינגען האָט אָנגעכאַפּט דאָס אינגעלע אַנערוועזער צימיר, זיין בלאַס געזיכט איז נאָך בלאַסער געוואָרען, זיינע אויגען האָבען זיך פערפילט מיט טרעהרען, ער האָט ווי אַפאַרהיפּנאָטעזירטער געקוקט אויף זיין

זײדען. צום גליק, האט ער באלד פערמאכט דעם סידור, גע־
מאכט קידוש און געגאנגען עסען .

אײנמאהל איז זומער ווען מענדיל האט שבת געדאווענט
האבען זיך דעם שליסערם, קאלאדזיקעם, און פאציעשקים שקצים,
אװעקגעשטעלט אונטערען פענסטער און האבען איבערגעקרומט
אין חוזק געמאכט פון זײן דאווענען.

באותה־הרגע איז דורכגעגאן דער גלח פון דער גאס, און
האט דערהערט מיט וואס פאר א טרויערעגעס געבעט דער אלטער
יוד וועגדעט זיך צו זײן גאט. האט ער אראבגענומען זײן קאפעלוש,
די אינגעלעך זענען אויגענבליקליך פערשוואונדען געווארען, און
פון יענער צײט אן, האט שוין קײנער ניט געשטערט די רוה
פון דעם ארימען שטיבעל.

נאר פארגעסטערען . . .

אײגענטליך געזאגט האט זיך פארגעסטרען אויך גאר ניט
געטראפען. נאר דאס יונגעלע האט זיך אונגעקעהרט פון דעם
גימנאזיום אהן דער היטעל און האט געסאפעט ווי א געיאגטער
הוז. אין דער התחלה האט ער ניט געוואלט אויסזאגען, וואס
מיט איהם איז פארגעפאלען, נאר נאכהער אז דער זײדע האט
ניט געוואלט פון איהם אבטרעטען האט ער דערצעהלט, אז
עפים אײנער אבאסיאק האט איהם א געשרײ געגעבען „זשיד! —
זשיד!". איז ער אנטלאפען געווארען און האט פערלוירען די
היטעל אין אומקעהרען זיך נאך איהר, האט ער מורא געהאט.

א טײך מיט צארן האט פערגאסען מענדילס געזיכט. ער
האט זיך אויסגעגלײכט, א שפײ געטוהן און האט האסטיג א כאפ
געטוהן דעם אײניקעל פאר דער פלײצע, און האט איהם אװעק־
געזעצט בײם טיש, און האט איהם בעת מיטאג קײן ווארט ניט
געזאגט.

נאכ'ן מיטאג איז ער ניט געגאנגען צו זײן ווערקשטאט
און האט ניט גערויכערט זײן ליולקע; שווער־אטעמענדיג איז ער
ארום געגאנגען איבער'ן צימער. דאס אינגעלע האט זיך אויך
ניט גענומען צו זײנע לעקציאנען און האט געקוקט מיט זײנע
ערשראקענע אויגען אויפ'ן זײדען. ער האט איהם נאך קײנמאהל
אזוי בײז ניט געזעהן.

— הער נאַר, דו! האָט ענדליך געזאָגט מענדיל, אָב־שטעלענדיג זיך נעבען דעם אינגעל.

איך האָב דיך גענומען אַ קליינעם יתום. איך האָב דיך ערצויגען, איך בין געווען דיינע אַ וועלטערין, אַ מוטער, איך האָב דיך אָבגעהיט. נו! האָב איך דען אויף דערויף געהאָרעוועט אַז די זאָלסט פערבלייבען אַ שוטה. ניט דערויף, אַז די זאָלסט בלייבען אַ נאַר, האָב איך דיך אָבגעגעבען לערנען, און געקויפט פאַר דיר ביכער. און דער סוף האָט זיך אויסגע־לאָזט, אַז די ביסט אַ גרויסער שוטה און האָסט גאָר קיין שכל ניט. ווען די זאָלסט אָבער זיין אַ קלוגער וואָלסטו זיך ניט גע־שעמט, ניט געוויינט. ניט אַנטלאָפען, ווען מען וואַרפט דיר אויף דאָס וואָרט „זשיד״. אָבער אַז די אַנטלויפסט, וויינסט און פערליהרסט נאָך אַזא טהייערע פוראַשקע, וואָס האָט געקאָסט קנאַפּע פינף און זיבציג קאָפּיקעס, טויג דיין לערנען אין דיינע ביכער אויף כפרות — און דו בלייבסט אַ שוטה.

ער האָט אַ זיפּץ געטוהן און האָט פאָרטגעזעצט:

— וואָס איז דען אַ זוינס אַ זשיד? נו, וואָס פאַר אַ זשיד?

— האָט ער אָנגעהויבען רעדען מיט אַ פריינדליכער שטימע.

— דאָ ביסטו געבוירען געוואָרען; די ביזט דאָ ניט קיין פרעמדער; די ביסט אַ היגער, אַ איינגעזעסענער אין כל זמן די לעבסט אָרענטליך, האָסטו דאָס רעכט ליעב צו האָבען דאָס דאָזיגע אָרט. די בעדאַרפסט זיך ניט שעמען דערמיט וואָס דו ביסט אַ יוד. אויב די שעמסט זיך דערמיט וואָס די ביסט אַ יוד, אויב די רעכענסט עס פאַר אַ אונגליק, וואָס די ביסט אַ יוד טאָ ווי אַרום וועסטו קאָנען גוטעס טוהן פאַר דעם לאַנד, ווי די ביסט געבוירען געוואָרען, ווי אַזוי קאָנסטו עס ליעבען?.. אַ?...

ער האָט זיך פערחלינעט און האָט איצט אומעדיג געקוקט אויף דעם איבערגעשראָקענעם פנימעל.

ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנד אויפ'ן קאָפּ פון קינד און אונטערשטרייכענדיג יעדעס וואָרט, האָט ער געזאָגט:

— זיין אַנ'אָרענטליכער יוד — איז גוט! געדענק עס! לערען זיך, כדי זאָלסט ניט זיין קיין נאַר, אַ פוראַשקע וועל

איך דיר קויפֿען אַנ'אַנדערע און דו האָבסט ניט וואָס צו וויינען, — עס איז נאַריש!

דאָס אינגעל האָט אַ קוש געטוהן דעם זיידענס האַנד און האָט זיך גענומען צו די ביכער.

דער אַלטער מענדיל האָט אָבער ניט אינגאַנצען אַרויסגעוויזען דעם אייניקעל זיין אויפֿרעגונג, וואָס די פּאַסירונג האָט איהם פֿערשאַפֿט. ער האָט זיך ניט גענומען צו זיין אַרבייט, ער איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן צימער און האָט געשוויגען, ווי ער וואָלט עפּיס ביטערס אויפֿגעגעסען. אַז ער איז אויפֿ'ן צווייטען פֿריה־מאָרגען אויפֿגעשטאַנען, האָט מען אויף זיין פּנים געקאָנט דער־קענען, אַז די צרות האָבען זיך מיט איהם די גאַנצע נאַכט ניט צושיידעט. דאָס יונגעל איז אַוועקגעגאַנגען אין גימנאַזיום אַריין, און דער אַלטיטשקער האָט איהם נאָך געקוקט אין פֿענסטער אַריין. זייענדיג אויפֿגעבראַכט, צוקאָכט, האָט ער זייער אָפֿט גערייכערט און איז אַלע מאָהל צוגעגאַנגען, צום פֿענסטער, אין האָט געקוקט, אויף דער, גוט בעקאַנטער גאַס, מיט אַהשד.

עפּיס איז די בעוועגונג, דאָס יאָגעניש דאָס געלויפֿערײַ אין גאַס אונגעוועהנליכער ווי אַלע מאָהל.

נאָר אַז דאָס יונגעל איז צוריקגעקומען פֿון גימנאַזיום פֿרעהליך, דערפֿאַר וואָס ער האָט בעקומען אַ פֿינף, און דעריבער וואָס ער האָט שוין געהאַט אַ נייע היטעל, האָט דער אַלטער פֿערגעסען אין זיינע פֿענסטער, און האָט זיך גענומען ווידער אַ מאָהל צו דער אַרבייט, און צו מאַכען פֿרעהליכער זיך, אין דעם אייניקעל, האָט ער זיך צוגעפּייפֿט, ווי אַ מאָהל יונגעלוויַז.

נאָך דעם מיטאָג איז דעם אַדוואָקאַטס שרייבער אַריינגע־קומען נאָך די פּאַפּירען און האָט פֿערפֿיהלט די שטוב מיט דעם גערויך פֿון פּערפֿום.

— וואָס הערט זיך עפּיס נייעס? האָט ער געפֿרעגט.

— אַל־דאָס־גוטס, געלויבט איז זיין ליבען נאָמען, זענען מיר פֿערהיט פֿון שלעכטס! האָט מענדיל דאַנציגער געענטפֿערט.

— מען קלויבט זיך, דאַכט זיך, שלאָגען די זשידעס?...

האָט געזאָגט דאָס שמעקענדיגע שרייבערעל מיט זיין נאַריש געלעכטעריל.

— מיילאָ אַז שלאָגען. איז שלאָגען! האָט געענטפערט מענדיל פערבאָרגענדיג דעם איינדריק, וואָס די ווערטער האָבען אויף איהם געמאַכט. — און וועד־ושע וועט עס זיי שלאָגען? די נאַטשאַלסטווע?

— נאַ די נאָר..! וואָס פאַר אַנאַטשאַלסטווע.! — האָט זיך צולאַכט דאָס שרייבעריל.

— געלויבט איז גאָט, אַבי ניט נאַטשאַלסטווע!

ביידע האָבען זיך צולאַכט. דער יונגערמאַהן האָט עס געמאַכט נאַרישעוואַטע, און דער יוד האָט זיך דערצו קענטליך גענויט.

דער אַלטער איז בייז געוועזן, וואָס דער שמועס, איז פאָרגעקומען און דער אָנוועזענהייט פון'ם אינגעל. דאָס אינגעל האָט די גאַנצע צייט פון געשפּרעך צושפּרייט די אויגען און האָט געהאַלטען, נאָר אין איין קוקען אויף דעם שרייבערעל.

ער האָט זיך ערשט דאַן גענומען צוריק צום בוך, ווען דאָס שרייבערעל איז שוין געוועזן פון יענער זייט טהיר. און מענדיל האָט זיך ניט וויסענדיג געמאַכט און האָט ווידער אָנפאַנגען צו צופייפען.

נאָר דאָס היזעריגע פייפערי איז איצט פול געוועזן מיט שמערץ.

אין צימער איז שוין פאָלקאָמען פינסטער געוועזן, ווען דורך דער נידריגער טהיר האָט זיך אַריינגעריקט דער דיקער זייגער־מייסטער אין זיין גראָהען פאַלטאָ, וועלכע ער האָט קיינמאָהל פון זיך ניט אַראָבגעלאָזט.

— איהר האָט געהערט דאָס נייעס? האָט ער אַ פרעג געטוהן, אוועקזעצענדיג זיך נעבען גימנאַזיסט.

— וואָס טויג מיר דאָס נייעס? האָט שאַרף געזאָגט מענדיל. מִמָה נַפְשָׁך — איז עס אַ גוט נייעס מאַכט ניט אויס, אַז איך וועל געוואָר ווערען פון דעם, ווען עס וועט שוין אַ ביסל אַלט ווערען. און טאָמער ניט, נאָך וואָס־ושע זאָל איך אַפילו פון דעם הערען?

— מען שמועסט, אַז מען וועט שלאָגען די זשידעס —, האָט געזאָגט דער דיקער זייגערמייסטער, שפּילענדיג זיך מיט עפּיס אין דער האַנד.

די ליפּען ביי מענדלין האָבען אָנגעהויבען נערוועז צו ציטערען. נאָר ער האָט זיך גובר געווען און האָט פרעהליך און נוט־מוהטיג געזאָגט!

— די זשידעס? וועלכע זשידעס? אויב די זשידעס־רוצחים, אויב די וואָס בעליידיגען אין בערויבען יענעם, אויב די וואָס שונדען די הויט פון די אָרימע־לייט האַרט עס מיך גאָר ניט. אַדרבה, איך דער ערשטער, וואָלט זיי געגאַנגען שלאָגען.

— ווייסט איהר דאָך גאָר נישט! האָט זיך צולאַכט דער זייגערמייסטער, — אַלע זשידעס...

מענדיל'ס גראָהע אויגען, האָבען, ווי מיט אַ פייער, אַ בליץ געטוהן.

נאָר ער האָט זיך געסטאַרט צופּערבאָרגען פון איהם זיין אויפגעבראַכטקייט, און האָט כלומר'שט גלייכגילטיג געפרעגט:

— פאַר וואָס וועט מען עס שלאָגען אַלע יודען?

— וואָס הייסט, פאַר וואָס? דערפאַר וואָס זיי זענען זשידעס!

— פאַר וואָס־זשע זאָל מען ניט געהן אין וואַלד אַריין אין שלאָגען די בערעזע, דערפאַר וואָס זי איז אַ'בערעזע, אָדער דעם טענענבוים, דערפאַר וואָס ער איז אַ טענענבוים?..

— חאַ, חאַ! האָט זיך צולאַכט דער זייגערמייסטער, אַ יוד וועט זיך דיר תמיד אויסדרעהן. בעדאַרפסט וויסען אַז די בערעזעס און טענענבוימער זענען אונזערע, וואַקסען אין אונזערע וועלדער און אויף אונזער ערד!

פון די פיעל ווערטער, וואָס מענדיל האָט געהאַט צו ענטפערען דעם זייגערמייסטער, האָט ער זיך אַזש פערהלינעט. ער האָט זיך צוגעבויגען צו איהם און האָט געקוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין.

— נו, און ווי בין איך דען אויסגעוואַקסען געוואָרען? איהר קאָנט דאָך מיך שוין פון לאַנג? זיבען און צוואַנציג יאָהר קענט איהר מיך! בין איך דען אַ הער געקומען, ווי אין

אַטראַקטיר אַריין? אָבגעגעסען, אין אָן געטרונקען זיך און נישט בעצאָהלט? ניין, איך בין אַהער געקומען ניט ווי אין אַטראַק־טיר אַריין. איך בין דאָ פֿאַר דער גאַנצער צייט אַזוי צוגעוואַקסען געוואָרען, ווי די בערעזע אין וואַלד. אמת, איך האָב געהאַט דאָ דאָס שטיקעל ברויט. עס איז אויך אמת, אַז איך האָב דאָ געטרונקען וואַסער. נאָר פֿאַר דעם ברויט און וואַסער האָב איך אָבגעצאָהלט. מיט וואָס האָב איך אָבגעצאָהלט? איהר ווילט וויסען, מיט וואָס איך האָב אָבגעצאָהלט?

און ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע אויסגעהאָרעוועטע, אויס־געדאַרטע הענד, און האָט פֿינק געזאָגט:

— אָט מיט די צעהן פֿינגער האָב איך אָבגעצאָהלט. איהר זעהט אָט די הענד? — ער האָט געטרייסעלט מיט זיינע דאַרע הענד פֿאַר דעם רויטען, גלאַנצענדען פּנים פֿון זייגערמייסטער. —

אָט די הענד האבען ניט צוגעטראָגען צו מיין מויל קיין אומזוסטיג ברויט. די הענד זענען אויסגעקרומט געוואָרען פֿון מעסער, צוואַנגען, שרויפֿען, און האַמער. און מיט זיי האָבען איך בעצאָהלט פֿאַר דער מינדיסטער זאַך' וואָס איך האָב פֿערצעהרט. מיט מיינע אויגען. וועלכע וועלען מיר שוין ניט דינען, איך האָב אויך אָבגעצאָהלט, מיט מיין ריקען, וועלכער וויל זיך שוין ניט אויסגלייכען, און מיט די פֿיס, וועלכע זענען שוין שוואַך געוואָרען מיך צודערטראָגען.

דער זייגערמייסטער. שפּיעלענדיג זיך מיט'ן קייטעלע, האָט איהם גלייכגילטיג אויסגעהערט. דעם יודען האָט דאָס געשפּרעך צוקאָכט, אויפגעבראַכט.

— און וואו איז ערגעץ מיין שכר? מיין שכר איז אין שול, און יענע קינדער, וועלכע לערנען זיך אין ביכער, וועלכע שריי־בען אין העפֿטען. מיין שכר איז אַפֿילו אין קאָסטיאָל אויך, וואָרום אַהין געהט מען אויך מיט ביכער... מיין שכר איז אין גלח, איך בינד פֿאַר איהם אויך איין ביכער; גאָט זאָל איהם מאַרך ימים זיין.

— אַוודאי. מען קאָן גאָר אַנדערש ניט זאָגען, — האָט

דיפּלאָמאַטיש געזאָגט דער ווייַנערמייסטער — נאָר פון רעסטוועגנע אַ זשיד בלייבט שטענדיג אַ זשיד!..

ביי דעם איינביינדער אין די אויגען האָט זיך איבער נייעס אָנגעצונדען אַ פייער.

— טאָ וואָס דען זאָל ער זיין? אַ דייטש אַפּשר? אַ פראַנ־צויז אפּשר? אַ פערד אפּשר? אפּשר אַ הונט? נאָר פאַר אַ הונד האָט מען איהם שוין פון לאַנג געמאַכט!

— נישט דאָס מיינט מען! האָט מיט היץ געענטפערט דער ווייַנערמייסטער. — דאָס וואָס ער איז אַ פרעמדער מיינט מען!

— וואָס־זשע האָט איהר זיך בעדאַרפט אַזוי קוועטשען! האָט אַ געשריי געטוהן מענדיל. — איהר וואָלט מיר באַלד געזאָגט אַזוי! דאָס איז אַ קלוג וואָרט! און איך האָב ליעב קלוגע ווערטער! אַ קלוג וואָרט איז אַ רפואה צום האַרצען. אַ קלוג וואָרט צו הערען בין איך מוכן ומזומן געהן טויזענד וויערסט צו פוס. ווען איך זאָל זיין אַן עושר ווען איך זאָל זיין אַ באַנקיר, וואָלט איך פאַר יעדען קלוגען וואָרט געצאָהלט. איהר זאָגט, אַז אַ זשיד זאָל ניט זיין קיין פרעמדער! איך זאָג אויך דאָס. איינענע.

נאָך וואָס אין פאַר וואָס? זאָל ער טאַקי ניט זיין קיין פרעמדער. נאָך וואָס זאָל ער זיין אַ פרעמדער. נאָך וואָס זאָל ער זיך מאַכען פרעמד, אַז ער איז סיי ווי אַהיגער. אַ געבוירטיגער.

וואָס מיינט איהר, אַז דער רעגען וואָס גיעסט בענקט ניט דעם יודען דערפאַר וואָס ער איז אַ פרעמדער? וואָס מיינט איהר, אַז די שטויב פון דער גאַס פערגאַט איהם ניט די אויגען, דערפאַר וואָס ער איז אַ פרעמדער? צו מיינט איהר אפּשר ניט, אַז דער ציגעל וואָס פאַלט פון אַ מויער טרעפט ניט דעם יודען דערפאַר וואָס ער איז אַ פרעמדער? קאָן איך אייך גראַדע זאָגען, אַז דער ציגעל טרעפט איהם יאָ. אַ דער רעגען, אי די שטויב מיידען איהם אויך ניט אויס. גוט אַ קוק אויף מיינע האָר, אויף מיין באָרד... זענען גראָה און ווייס געוואָ־רען... וואָס בעדייטעט דאָס? דאָס בעדייטעט אַז זיי האָבען אַ סך איבערגעזעהן און געדענקען אַ סך.

זיי האָבען געזעהן גרויסע שריפות, גרויסע שטורמישע רעגנענס, נאָר אַז די זשידעס זאָלען דערפֿון ניט האָבען געלי־טען, האָבען זיי דאָס ניט געזעהן. אַז די זון פֿאַרגעהט און עס ווערט פֿינסטער, ווערט די זשודעס אויך פֿינסטער. ער האָט אַ שווערען טיעפֿען זיפֿץ געטוהן.

— זאָגט! איהר ליעבט צו פֿאַרברענגען פֿרעהליך, איהר ליעבט צו טאַנצען?

דער דיקער זייגערמייסטער האָט אַ שאָקעל געטוהן מיט'ן קאָפּ. און האָט געקלונגען מיט'ן קיטעלע. איהם האָט אַנאָה געטוהן, וואָס דער אייניקינדער האַלט איהם פֿאַר אַוועלטליכען מענשען און פֿאַר אַ טענצער.

— דאַגות אין צרות האָט איהר אַ מאָהל? דער זייגער־מייסטער האָט ניט געענטפֿערט. עס האָט אויסגעזעהן, אַז ער האָט געוואָלט ווייזען, אַז ער שטעהט העכער פֿון אַזעלכע זאַכען, און האָט דיפּלאָמאַטיש געשוויגען.

נאָר דער אַלטער אייניקינדער האָט ניט ערוואַרטעט אויף ענטפֿער, און האָט מיט אַ פֿעסטער שטימע ווייטער אָנגעהויבען רעדען.

אויב איהר טאַנצט, אייב איהר האָט אַ מאָהל צרות, ווייסט איהר דאָך גאַנץ גוט, אַז די געסט קלויבען זיך צוזאַמען אום צו טאַנצען, און פֿרעהליך פֿאַרברייגגען, און נאָך דער שמחה צו געהן זיי זיך — און שוין. אָבער אַז די מענשען ווערען צו־זאַמען־געקליעבען דורך אַלגעמיינע צרות, דורך אַלגעמיינע טרויער אין יאָמער, איז שוין דעמאָלסט גאָר אַניאַנדערע זאַך. דע־מאָלסט ווערט איינער פֿאַר'ן צווייטען אַ ברודער. דעמאָלסט בעדעקען די צרות אַלעמען מיט איין דעקטוך. איך קאָן אייך זאָגען, אַז איך האָב דאָ מעהר איבערגעלעבט צרות, ווי פֿרייד. און דער דעקטוך איז גרויס!... ער האָט אַלעמען, מיט די זשידעס צוגויף, בעדעקט.

דער יוד איז אָבגעגאַנגען און האָט געקוקט אין פֿענסטער.

— הערט, מענדעל, האָט געזאָגט דער זייגערמייסטער מיט גדלות. ווי אַזוי איהר ווילט אייך, אַ זשיד! אַבי געלד.

דער אַלטער אייניקינדער האָט איהם ניט געלאָזט ענדיגען,

און האָט אַ מאַך געטוהן אין דער לופטען מיט די הענד, ווי ער וואָלט געוואָלט די בייסענדע פליג אָבטרייבען פון זיך.

— געהט שוין געהט! אַזוי רעדען נאָר שוטים.

ווען ביי אַ יודען זאָל געלד זיין טהייערער פון אַלעס, וואָלט דער רבש"ע געוועהן געמאַכט ביי איהם אין דער הויט אַ צוויי, דריי קעשענים. נאָר ווייל גאָט האָט ביי איהם אין הויט אַפילו איין קעשענע אויך ניט געמאַכט, איז אַ בעווייז. אַז ביי יודען איז דאָס געלד ניט חשיבער, ווי ביי אַלע אַנדערע.

— ווי ביי אַלע אַנדערע! האָט ברייט געזאָגט דער זייגער-מייסטער, גלעטענדיג זיך דעם גראָבען בויך. —

— ניין! דאָס איז טאַקי די מעשה, וואָס ניט אַלע אַנדערע...

מענדיל האָט מיט אומעט אין שפּאָט אַ שמייכעל געטוהן.

— איהר זאָגט. אַז פאַר אַ יודען גיעבט קיין בעסערס, ווי געלד. האַלט איהר דערביי אַז יאָ! אָבער איהר ווייסט פאַר-וואָס? איהר ווייסט נישט? איהר מיינט. מן הסתמא, אַז איבער דעם, וואָס יודען זענען מעהר הימרע? האָט איהר אַ טעות. איהר קאָנט דעם סלופּ וואָס שטעהט אין אויעזד *)? אַ יאָ. איהר לאַכט? לייגט איהר אַרויף אויף איהם, אי דעם כבוד, אי די חכמה. אי דעם שם-טוב, אי די אָרדענס, אי די שענע משפּחות, אי די גרויסע ראַנגען, אי געלד, וועט איהר זעהן, אַז איינער וועט קלעטערען אויף דעם סלופּ נאָך כבוד, דער צווייטער נאָך חכמה, דער דריטער נאָך אָרדענס. דער פערטער נאָכ'ן שם-טוב. און עס וועלען זיך געפינען אַזעלכע אויך, וועלכע וועלען קלעטערען נאָך געלד, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס זיי וואָלטען דאָ געקאָנט נעהמען אַנדערע חפצים. אַז איהר וועט אָבער אויף דעם סלופּ אַוועקלייגען בלויז געלד. און די איבער-געבליבענע זאַכען ניט, טאָ וואָס זאָלען די מענשען נעהמען פון דעם סלופּ? וואָס זאָגט איהר? קומט אויס אַז זיי וועלען טאַקי נאָר געלד נעהמען אין מעהר גאָר נישט. און יענע וואָס וועלען שטעהן אונטער דעם סלופּ אין וועלען קוקען, וועלען זיי שרייען:

---

*) אשמאדט אין פוילען.

„זעה נאָר זעה" ; וואָס פֿאַר אַ חיטרע פֿאָלק דאָס איז . זיי קריכען נאָר נאָך געלד ! געלד איז ביי אַלעס !" און דער וואָס איז נידריגער . אָדער דער וואָס וועט שטעהן וויים פֿונ'ם סלופּ , און וועט ניט זעהן אַזוי גוט , וועט נאָך שטאַרקער שרייען . נאָר די הויכע , נאָר די וואָס וועלען שטעהן נאָהענט , וועלען זעהן אַז אויסער געלד ליגט דאָרטען גאָר ניט . וואָס ליעגט אויף אונזער סלופּ ? נאָר געלד . קריכען מיר נאָר נאָך דעם געלד . דאָס איז טאַקי די צרה , וואָס עס גיעבט צוויי סלופּעס און אויף זיי ליעגען ניט קיין ענצעלנע זאַכען .

— אַ שאלה נאָך ! — האָט זיך גראָב צולאַכט דער זייגערמייסטער . מעג זיין אַז נאָך דער טעאָריע האָט איהר רעכט . נאָר אין פּראַקטישען לעבען קומט אויס אַנדערש . איהר , יודען , קומט צו פֿליהען ווי אַנ'הייש׳רעק , און שטענדיג זענט איהר אַ פּרעטענדער עלעמענט ... מענדיל האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד — אַ קלוגער מענש , אַז ער האָט מיט זיך אַ צוויי דריי שטיינער , האַרפֿט ער אין הונד אריין נאָר מיט איינעם ... נאָר עס איז נאָך אַ קלייניקייט . איך וועל אויפֿהויבען אין איינעם , אין דעם אַנדערען . מיין ריקען בויגט זיך שוין סיי ווי צו דרערד ... ער האָט אַ פּאָר מאָהל אַ גלעט געטוהן די באָרד און האָט געזאָגט :

— איהר ווייסט ווי אַזוי מ'רופֿט מיך ? מ'רופֿט מיך מענדיל דאַנציגער . אַ נאָמען האָט מען מיר געגעבען מענדיל *) . דערפֿאַר וואָס איך בין ביי מיינע עלטערען געבוירען געוואָרען דער פֿינפֿצענטער . איבערדעם האָט מען מיר אַנאָמען געגעבען מענדיל . וואָס„זשע האָט געזאָלט טוהן אונזער פֿאָטער מיט אונז ? דערטרינקען ? ער האָט אונז ניט דערטרונקען . ערשטענס האָט ער מורא געהאַט פֿאַר'ן רבש"ע , צווייטענס , האָט ער אונז אַזוי ליעב געהאַט , אַז ער פֿלעגט קויפֿען אַ העריגג האָט ער זיך גענומען דאָס קעפּילע , און אונז האָט ער אַוועקגעגעבען אינגאַנצען , כדי מיר זאָלען זיך אָנעסען , ניט זיין הונגעריג .

— ער האָט אַ ביסעל אָבגעאַטעמט און האָט איראָניש אַ שמייכעל געטוהן .

*) מענדיל הייסט אויף דער פּוילישער שפּראַך 15 אייער .

איך, מענדיל. האָב שוין אָבער געזעהן, וואָס אַ ביטער לעבען הייסט. איך גופא האָב שוין מעהר ניט ווי אַ האַלב טוץ קינדער. און ביי מיין טאָכטער לאה איז נאָר איין זוהן געווען. מיר האָבען איהם אַ נאָמען נעגעבען יעקב ניט מענדיל. קובעס! קום נאָר אַהער! — האָט מענדיל אַרויף געטוהן דעם אינגעל.

דער אינגעל איז צוגעגאַנגען, און האָט זיך אַנויג געטוהן פאַר'ן זיינערמייסטער און האָט זיך צוגעדריקט צום זיידען.

דער אַלטיטשקער האָט איהם אַ גלעט געטוהן איבער'ן קאָפּ אין האָט פאַרטגעזעצט:

— ניט אין דעם איז די חכמה פונ'ם מענשען, וואָס ער חיל אַז עס זאָל זיין ווענינער מענשען, נאָר אין דעם, וואָס ער סטאַרעט זיך מיט צוהעלפען טוהן גוטס, מען זאָל מעהר זיין, מעהר אַקערען, מעהר גראָבען. זיי זאָלען מעהר האַנדלען, מעהר שכל ערווערבען מעהר ליעבע האָבען צווישען זיך. מיר האָט אַ פויער דערצעהלט אַז עס איז פאַרהאַן אַזאַ פויגעל, אַ שטראָך; אַז דער דאָזינער שטראָך אַז ער האָט מעהר קינדער ווי ער קאָן אויס האָדעווען, וואַרפט ער אַרויס פון דער נעסט איינס אָדער צוויי... וואָלטען אפשר די מענשען אויך אַזוי בעדאַרפט טוהן — וואָס?

אַ חוץ מענדיל — רופט מען מיך נאָך דאַנציגער. ווער איז דער דאַנציגער געוועז? די קעסטלעך, די שענק און נאָך אַנדערע חפצים, וואָס מען ברענגט פון דאַנציג, רופט מען דאַנציגער. די דאַנציגער שענק, אַשטייגער. און אַזוי ווי עס קאָן זיין דאַנציגער חפצים, אַזוי קאָן איך אויך זיין אַ דאַנציגער.

איהר זאָגט אַז איך בין אַ פרעמדער? ווי אַזוי קאָן עס זיין, אַז איך בין אַ פרעמדער, אַז איך בין פון דאַנציג?

דער זיינערמייסטער האָט זיך ביי די זייטען געהאַלטען פון געלעכטער.

— אַזוי איז די מעשה! אָ זעגט איהר אַ פיינער חכם! אַז איהר זענט אַ דאַנציגער, טאָ וואָס=זשע רעכענט איהר זיך פאַר אַ היגען! חאַ! חאַ! חאַ!

דער אַלטער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אין האָט אויך צוּ=

געשמײַכעלט. און זײַנע אויגען האָט געלויכטען חכמה און חוט־ראָסט. זײַן שמײכעל איז געװען ביטער און גיפטיג...

וואָס איז אַזוינס דער מענדיל דאַנציגער? ער איז אַ יוד וואָס איז דאָ געבוירען געוואָרען, דאָ לעבט ער פון זײַן פּראַצע, דאָ איז דער קבר פון זײַן פּאָטער און מוטער און פון זײַן טאָכ־טער. דאָ וועט ער זײַנע איגענע ביינער אַ נידערלײגען.

— און וואָס איז אַזוינס דער קאָבּוס דאַנציגער? ער איז אַ שילער און זיצט פּאָרעטש מיט זײַנע חברים און לערנט, שרײַבט. נאָך וואָס טויג איהם דאָס לערנען? ער לערנט דערויף, ער זאָל ווערען אַ מענש מיט שכל.

וועט ער דען זײַן שכל טראָגען אימיצען פּארקויפען? ער וועט איהם אין קיין פרעמד אָרט אַרײַן ניט טראָגען. ער וועט איהם ניט וואַרפען ניט אין פּײַער, ניט אין וואַסער אַרײַן אין בעגראָבען וועט ער איהם אויך ניט.

דעם גאַנצען שכל זײַנעם וועט ער אויסנוצען פאַר דעם געגענד; ער וועט ערגעץ אַנדערש וואו ניט אַוועק געהן.

און אויב ער וועט טאַקי האָבען שכל, וועט ער שוין פון אַזעלכע זאַכען וויסען, וואָס ניט איך און ניט איהר האָבען עס געזעהן. קאָן זײַן, אַז ער וועט נאָך זעהן, אַז מיר אַלע מענ־שען מוזען צווישען זיך לעבען ברידערליך...

— דאָס איז אַנ'אײַדעל קינד, — האָט ער נעזאָגט אַרום־האַלזענדיג דעם גימנאַזיסט — ער איז אַ יתום... ער האָט זעהר אַ ווייך האַרץ.

ער האָט אַ גלעט געגעבען דאָס אײניקעל איבער'ן פּנים און האָט צוגעגעבען:

— געה, מײַן ליבער, לײג זיך שלאָפען. די מוסט גאַנץ פריה געהן אין שול אַרײַן.

דאָס אינגעל האָט זיך ווידער אַ נויג געטוהן פאַר'ן זײַ־נערמייסטער, ער האָט אַ קוש געטוהן דעם זיידענס האַנד און פערשוואונדען געוואָרען אונטער דעם רויטען פּאָרהאַנג פון דער אַלקאָווע, ווי עס איז געשטאַנען, די בעט.

דער אַלטיטשקער האָט אַ גלאַנץ געטוהן מיט די אויגען און גרײַזלענדיג די באָרד האָט ער געפרעגט!

— זאָגט מיר איך בעט אײַך , ווער האָט עס אײַך געזאָגט ,
... מען וועט שלאָגען די יודען ?

איך האָב אין קינדס אַנוועזענהײַט ניט געוואָלט מאַכען דער
פון קײַנע רעדעס. ער איז זעהר אַן׳אײַדעל קינד , קאָן ער זיך
חס וחלילה איבערשרעקען .

ער האָט פרײַנדליך און מיט חניפה אַ שמײַכעל געטוהן צום
זײַגערמײַסטער אין און זײַנע אויגען האָט מען געקאָנט דערקענען ,
ווי ער וואָלט געוואָלט צוליעב טוהן אָדער צוטרעפען דעם זײַגער=
מײַסטער .

דער זײַגערמײַסטער , וואָס איז פריהער נתפעל געוואָרען
פון די ראַיות וואָס דער יוד האָט איהם געבראַכט איז איצט
צוריק עולה לגדולה .

— יאָ מען שמועסט... האָט ער פאָרזיכטיג דורכגעלאָזט
די ווערטער פון צווישען זײַנע צײן און האָט אויפגעשטעלט די
ליפען ,

— ווער=זשע זאָגען די שמועסען ? האָט שטרענגליכער
געפרעגט דער יוד .

- מענשען זאָגען ...

דער אַלטער יוד איז פון איהם אַזוי פלינק אָבגעשפרונגען
אַז עס איז ניט געווען צו בעמערקען . זײַנע בליקען האָבען געב=
ברענט , ער האָט געסלינעט , ער האָט אַראָבגעלאָזט די קאָפ ,
ווי אַ צאָפ .

מענשען ? ... מענשען זאָגען ? ... האָט ער געפרעגט ער=
צערנט . — מענשען ? ...

דער זײַגערמײַסטער האָט זיך גלײַכגילטיג צו געקוקט צו די
מינעס פון מענדלין אין האָט הנאה געהאַט פון דער סצענע ,
קלאַפענדיג מיט די טופלעס אײַנע און דער אַנדערער .

— וואָס=זשע וואונדערט עס אײַך אַזוי ? האָט ער קאַלט
אַ פרעג געטוהן .

נאָר דער אַלטער יוד האָט זיך שוין אַ ביסל בערוהיגט .

— איהר זענט אײַך טועה , — האָט ער געזאָגט . — מענשען
זאָגען עס ניט . דאָס זאָגט דער בראָנפען , דער שענק , דאָס

זאָגט דער כּעס, אין דאָס, טפשות, דאָס זאָגט דער שלעכ...
ווינט, וועלכער בלאָזט,

ער האָט געגעבען אַ הויב=אויף די הענד אין האָט מיט האָס א מאַך געטוהן מיט זיי אין דער לופטען.

— שלאָפט רוהיג! און איך וועל אייך שלאָפען רוהיג און אָט דאָס קינד לאָז שלאָפען רוהיג. מיר ליידען גענוג צרות, גענוג ביטערקייט. גענוג אונגליקען, נאָר אַז מענשען זאָלען זיך ווי די הונד רייסען און בייסען דערצו זאָגען מיר נאָך לע"ע ניט צוגעקומען.

און דעם הינזיכט קאָנט איהר שוין זיין גאַנץ זיכער.

דער זייגערמייסטער האָט אַרויפגענומען אויף זיך די פּאַלטאָ, האָט פערבעסערט די היטעל אויפ'ן קאָפּ, וועלכע איז איהם גע=לעגען כמעט אויפ'ן האַלז אין זאָגענדיג „אַרוהיגע נאַכט" און איז אַרויסגעגאַנגען.

פּטירענדיג דעם גוטען בעל מבשר, האָט זיך דער אַלטער מענדיל אַוועקגעזעצט אויף אַ בייענקעל, פאַרלייגענדיג די הענד אויף די קניהען האָט ער געשאָקעלט מיט זיין באָרד.

ער איז איצטער ווי געעלטערט געוואָרען אויף צעהן יאָהר. די ברוסט האָט זיך איהם געהויבען אין דער הויך, מיט די אויגען האָט ער געקוקט אויף דרערד. דאָס דינע ליכטעל אין דעם צינערנעם לייכטער האָט ציטערנדיג, אָנגעהויבען אויס=געהן. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויפ'ן אַנדערען טאָג איז די גאַס, ווי שטענדיג שטיל געוועזען, ווי שטענדיג רוהיג געוועזען. מענדיל דאַנציגער איז זיך געשטאַנען פון גאַנץ=פריה אָן נעבען זיין ווערקשטאַט. ער האָט געאַרבייט געטריי און פיבערהאַפטיג. אויף זיין פערוועלקטען און צוקנייטשטען פּנים האָט זיך דערקענט, אַז ער איז די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען. נאָר. אויסטרונקענדיג, דאָס גלעזיל כּלומרשדיגע קאַווע, וועלכע די שכנה האָט איהם געבראַכט אין אַ לייטענעם קריגעל, איז ער געוואָרען אַ ביסעלע פרעהליכער, לעבעדיגער; ער האָט פערוויכערט די ליולקע און איז געגאַנגען וועקען דעם אייניקעל. ער איז נאָך געשלאָפען.

מיט ליעבשאַפט האָט דער אַלטער אויף איהם געקוקט. זיין

פּנים איז בּעלויכטעט געוואָרען מיט אַ שמייכעל. ענדליך האָט ער זיך צולאַכט, מיט אַ שטילען, גליקליכען געלעכטער, פון אונ־פּאַרזיכטיגקייט, האָט ער אָנגעלאָזט אַ פּולען מויל מיט רויך דעם אייניקעל. דער איינגעל האָט זיך פערהוסט און איז באַלד אַראָבגעשפּרונגען פון בעט. ער איז איצט געווען צו רודערט דערמיט, וואס ער האָט נאָך געמוזט אויסלערנען איין לעקציע, וועלכע ער האָט נעכטען ניט אויסגעפיעט. ער האָט ניט דערטרונ־קען זיין קאַווע, האָט ניט געוואָלט מיטנעהמען דעם פריה־שטיק, ער האָט אַריינגעוואָרפען די בּיכער אין ראַניעץ און האָט זיך געלאָזט לויפען אין גימנאַזיום. מורא־האָבענדיג ניט צו פערשפעטיגען. נאָר אין דעם זעלבען אויגענבליק, האָט אויפגעמאַכט די טהיר, דער דאַרע סטודענט פון דער פּאַציאַנטע און האָט ניט געלאָזט אַרויסגעהן דעם יונגעל, זאָגענדיג דערביי:

— אַנטלויפט מען שלאָגט די יודען!

ער, זעהט אויס, איז געווען שטאַרק צוקאָכט.

זיין געשטופּעלט געזיכט, האָט איצט אויסגעזעהן מיאוסער; צו געוועהנליך זיינע לאַנגע דאַרע פיס זענען געווען צושפּרייט, די אויגען האָבען געבליצט מיט רוגז. דאָס ערשראָקענער יונגעל האָט זיך איבערגעקעהרט אַראָבנעהמענדיג פון זיך דעם שינעל.

דער אַלטער איז ווי פערגליווערט געוואָרען. נאָר ער איז באַלד געקומען צו זיך און איז פלינק, ווי אַ ווילדע קאַץ, צו־געשפּרונגען צום סטודענט.

— נאָך וואָס זאָל מען לויפען?... וואוהין זאָל ער לוי־פען?... ער האָט אימיצען בעגנבעט, וואָס ער בעדאַרף אַנט־לויפען?.. וואוינט ער דען אין אַ פרעמדען וואוינונג? ער זיצט זיך דאָ ביי זיך אין צימער! ביי זיך אין דער־היים! ער האָט קיינעם ניט בע'גנב'עט. ער געהט אין שול אַריין! ער האָט ניט וואָס צו לויפען!..

ער האָט זיך איינגעהויקערט, איינגעקאָרטשעט, און פון די ליפּען געלאָזט דאָס שפּייעכץ, געשאָקעלט מיט דער באָרד. ער איז צוגעגאַנגען נאָך נאָהענטער צום סטודענט.

— ווי אַזוי איהר ווילט זיך! האָט שאַרף געזאָגט דער סטודענט. איך האָב אייך נאָר מתרה געווען. ער האָט שוין זיך

געלאָזט אַוועקגעהן, נאָר דער אַלטער אײַנבינדער האָט איהם אָנגעכאַפּט בײַ די פּאָלעס פֿון דעם אויסגעריבענעם פּאַלטאָ.

— ווי אַזוי איך וויל? וואָס רעדעט איהר, ווי אַזוי איך וויל. איך וויל לעבען במנוחה. איך וויל עסען במנוחה דאָס שטיקעל ברויט, וואָס איך האָב פֿערהאָרעוועט. איך וויל מגדל זײַן אָט דעם יתום, ער זאָל אַ מאָהל ווערען אַ מענש, אויף וועלכען קײנער זאָל ניט שפּײַען, דאַן ווען ער איז גאָר ניט שולדיג... איך וויל נאָך אַז די מענשען, זאָלען זיך ניט בע־לײדיגען, זאָלען זײַן אָרענטליכע! דאָס וויל איך. אָבער לויפֿען וויל איך ניט.

דאָ בין איך געבוירען געוואָרען, אין דער שטיב האָבען מײַנע קינדער געוואוינט. דאָ שטעהט מײַן ווערקשטאַט...

ער איז אַנטשוויגען געוואָרען; פֿון דער צווייטער גאַס, האָט זיך געהערט אַ געריש. ווי פֿון אַ שטורעם, וועלכער דערנאָהענטערט זיך פֿון ווייט.

דעם סטודענטס געזיכט איז אויפ'ן אָרט אײַנגעשרונפּען געוואָרען, און עס האָט זיך אַרויסגעריסען פֿון זײַן מויל אַ קללה.

דער אלטער אײַנבינדער, האָט זיך אויסגעגלײַכט. האָט אויסגעצויגען זײַן לאַנגען האַלז און האָט זיך אָנגעהויבען צו צוהערען. דאָס געריש האָט זיך זעהר געשווינד דערנאָהענטערט. עס האָט זיך שוין געהערט — אַגעשרײַ, אַ פּײַפּערײַ, געקלאַפּערען, אַ קלאָגערײַ אין אַ געוויין־געבעט. און די גאַסען האָט זיך אָנגע־הויבען רוישען. מ'האָט געשלאָסען טהיר אין טויער, אײַנע האָבען זיך נעוואָרפֿען גלײַך אין געריש אַרײַן, די אַנדערע זענען פֿון איהם געלאָפֿען.

דאָס ערשראָקענע יונגעל האָט אָנגעהויבען וויינען.

דער סטודענט האָט אַ שטאַרקען קלאַפּ געטוהן מיט דער טהיר און איז ערגעץ פֿערשוואונדען געוואָרען.

דער אַלטער יוד איז געשטאַנען נעבען פֿענסטער און האָט זיך נאָר צוגעהערט. ער האָט ניט געזעהן, ווי דער סטודענט איז אַוועקגעגאַנגען, ניט בעמערקט ווי דאָס אינגעל האָט געוויינט. די פּיס אונטערען לעדערנעם פֿאַרטוך האָבען געציטערט. דאָס געזיכט איז פֿון רויט שוואַרץ געוואָרען, פֿון שוואַרץ — געל

און פֿון געל — טוידט־בלאַס. ער האָט אויסגעזעהן , ווי ס'וואָלט איהם ערשט נאָך וואָס מיט אַ קויל דורכגעלעכערט די ברוסט . ס'האָט זיך אויסגעוויזען אַז אָט־אָט וועט זיין אַלטער , שוואַכער קערפּער זיך איבערברעכען און וועט צו דער ערד פֿאַלען .

די גאַס איז אויגענבליקליך פּוסט געוואָרען און די קולות, די געלעכטערען , דאָס פּײַפערײַ . אין דאָס זידלערײַ האָבען זיך געהערט דײַטליכער אין נאָהענטער .

די לופֿט איז פֿערשיכורט געוואָרען מיט די געשרייען פֿון די באַנדעס , עפּיס אַ ווילדע צולאָזטקייט האָט אַרום־געכאַפּט די גאַס און האָט זי פֿערפֿולט מיט ווילדע קולית ,

דאָס געקלאַפּערײַ פֿון די צערבראָכענע לאָדען , דער רעש פֿון די קייקלינדיגע פֿעסער , דאָס קלינגען פֿון די אויסגעקלאַפּטע שויבען , דאָס שטיינער־שיסערײַ , דאָס קלאַפּען פֿון די ברעכ־שטאַנגע , האָבען ווי לעבעדיגע אַנטהייל גענומען אין דער עקעל־האַפֿטער סצענע . ווי געדיכטע שטיקער שנעע , זענען געפֿלויגען די פֿעדערען פֿון די קישענס און איבערבעטען . די אונפֿערצווימט־צולאָזטע באַנדע איז שוין ניט ווייט געווען פֿון מענדעלס שטוב .

דאָס יונגעל האָט אויפֿגעהערט צו יאָמערען און ציטערענדיג ווי אין אַ פֿיבער האָט ער זיך צוגעטולעט צום זיידען . דאָס דאָזיגע קינד און די נאָהענטע סכנה האָבען געצוואונגען דעם אַלטען זיך האַלטען שטאַרק , ניט פֿאַלען מיט'ן מוטה . ער האָט אַנגעלעגט זיין האַנד אויפ'ן קינד'ס קאָפּ און האָט אַ טיעפֿען און אַ שטאַרקען זיפֿץ געטוהן , דאָס פּנים איז נאָך אַלץ שרעקליך־בלאַס געווען , די אויגען אָבער האָבען אָנגעהויבען צו פֿינקלען מיט לעבען .

ש. ש. ש. ! — האָט ער געזאָגט , ווילענדיג בערוהיגען דאָס קינד . ער האָט ערשט פֿערשטאַנען , אַז דאָס קינד איז איבערגע־שראָקען און האָט זיך שוין גענוג אָנגעקלאָגט .

און דער זעלבער מינוט זענען אַרײַנגעלאָפֿען אין הויז אַרײַן דעם שטריקענדרעהערס ווײַב מיטן אַ קינד אויף די הענד , דעם וועכטערס ווײַב , און די געוועלבניצע .

— גיכער , מענדיל ! האָט דעם וועכטערס פֿרוי פֿון דער שוועל אַ געשרײַ געטוהן , — בעהאַלט זיך פֿון . . . און איך וועל אַוועק שטעלען אויפ'ן פֿענסטער אַנ'אויסגעמאַלטען גאָט אָדער

אַקרייץ. אין אַנדערע הייזער האָט מען שוין אַזוי געטוהן... געהט מען אַ הינצו ניט.

זי האָט אַלאַפּ־געטוהן דעם אינגעל ביי דער האַנד.

— גיבער, קובעס! בעהאַלט־זיך און דער אַלקאָוועָ". די פרויען האָבען אַרונטערגעשטיפּט דעם אַלטען מיט דעם אייניקעל אונטערן פאָרהאַנגעל אין האָבען זיי פערשטעלט.

זיי האָבען שוין פון לאַנג אַזוי גוט געקאָנט דעם דאָזיגען פיינעם אין גוטען מאַהן. באַלד האָבען זיך אָנגעהויבען צונויף געהן די איבריגע שכנים פון דעם הייזעל. דאָס צימער איז געוואָרען פול מיט מענשען.

דער אַלטער מענדעל האָט אַראָבגעלאָזט איין האַנד אויף דעם קינד'ס אַקסעל און מיט דער צווייטער האָט ער בעזייטיגט פון זיך די פרויען. איצט איז ער שוין פאָלקאָמען געקומען צו זיך.

— לאָזט מיר געמאַכט! האָט ער ווי מיט אַ גלאָק אַ קלונג געטוהן. — לאָזט מיך אָב! איך דאַנק אייך, וואָס איהר האָט מיר געוואָלט געבען אייערע הייליגקייטען, וואָס איהר האָט מיך געוואָלט מציל זיין, איך וויל אָבער ניט שטעלען קיין קרייץ אין מיין שטוב. איך וויל זיך ניט שעמען, דערמיט, וואָס איך בין אַ יוד. איך וויל ניט מורא האָבען. אויב זיי האָבען ניט אין זיך קיין בּאַרעמהערציגקייט, אויב זיי וועלען אימיצען שלעכטס טוהן, דאַן זענען זיי ניט קיין קריסטען און וועלען ניט נעהמען אין אַכט ניט דעם געמאָהלטען גאָט, ניט דעם קרייץ. און אויב אַזוי זענען זיי קיין מענשען ניט, נאָר ווילדע חיות. האָבען זיי אין זיך עפּיס מענש, וואָלטען פאַר זיי די גראָהע האָר פון אַן־אַלטען מאַהן אין דאָס אונשולדיגע קינד זיין הייליגער ווי יענע הייליג־קייטען.

— קום קובעס...

און ער האָט אַ כאַפּ־געטוהן פאַר דער האַנד דאָס אייניקעל און ניט קוקענדיג אויף די פּראָטעסטען פון די אָנוועזענדע איז ער צוגעלאָפען צום פענסטער וועלכען ער האָט האַסטיג אויפגעמאַכט און האָט זיך נעבען איהם אַוועקגעשטעלט אין דעם לעדערנעם פאַרטוך. די באָרד האָט זיך ביי איהם געטרייסעלט. די קאָפּ

האָט ער אויפגעהויבען אין דער הויך . ער האָט צוגעדריקט צו זיך דעם קליינינקען גימנאזיסט .

דיזע בילד האָט געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק ; די ווייבער האָבען אָנגעהויבען וויינען אין קלאָגען .

די באַנדע , האָט רעדוזעהען נעבען פענסטער שטעהן דעם יודען , האָט זי דורכגעלאָזט די געוועלבען און האָט זיך אַ לאָז־געטוהן צו איהם .

די העלדענמוטהע פּוגום אַלטען , זיין שטימע ווענדונג צו די געפיהלען פון די דאָזיגע מענשען , האָבען זיי אָנגענומען אַלס אַ געלעכטער , אַלס אַ חוזק איבער זיי .

זיי האָבען געבראַכען די פענסטער פון עסיג און בראָנפען , געריסען די סחורות , אַרויסגעלאָזט די פעדערען פון די קישענס . געבראָכען די קוישען . איצט . האָט זיך אין ווי אָנגעצונדען יענער שרעקליך־ווילדער גרימצאָרען , יענער טהירישער אינסטינקט , וועלכער איז פערבאָרגען אין יעדען מענשען און קאַפּט אַריין אין זיך ווי אַ שרפה גאַנצע מחנות מענשען .

באַלד האָבען זיי געטראָפען מיט אַשטיין און אינגעלס קאָפּ . ער האָט אַ געשריי געגעבען ; די פרויען זענען צו איהם צוגע־לאָפען . דער יוד האָט אַרויסגעלאָזט פון די הענד דאָס קינד און האָט זיך אַפילו ניט אויסגעדרעהט . ער האָט אויפגעהויבען זיינע הענד אַנטקעגען דער באַנדע און האָט אויף איהר שאַרף געקוקט אין האָט מיט זיינע ווייסגעוואָרענע ליפען שטילערהייד געזאָגט :

— אַדוני ! אַדוני ! ... און הייסע טרעהרען האָבען גע־טריפט פון זיינע אויגען איבער'ן צוקיינטשטען געזיכט .

און דער מינוט האָט ער אויסגעזעהן ווי אַנ'אֶמת'ער גאון : מאַיעסטעטיש , אין עדעל .

אַז עטליכע פאַרשון פון דער באַנדע האָבען זיך אַ וואָרפ־געטוהן צום פענסטער , איז צוגעלאָפען דער דאַרער סטודענט פון דער פּאַציאַטע און האָט זיי געשטערט .

מיט אַ צושויבערטער קאָפּ־האָר , איז ער געשטאַנען צו־שפּרייט , די הענד , מיט די פים און האָט די חיות ניט צוגע־

לאָזט צום אַלטען יודען. מיט זיין הויכער פיגור האָט ער כמעט א האַלב פענסטער פאַרשטעלט.

רוגז. פחד, האַסט, מיטלייד האָט געקאָכט איצט אין זיין האַרצען אין זיין געשטיפעלט געזיכט, האָט אָנגעהויבען צו פלאַמען.

— איהר זאָלט זיך מיר ניט צוריהרען צו דעם יודען און ער האָט זיך ווי אַ הונד אַרויף געוואָרפען אויף די צוגעלאָפענע נפשות.

— שלאָגט ליעבער מיך, איהר באָסיאַקעס! איהר הונד-זוהן! לײַדאַקעס! לייַדיג'געהר!

איהם האָבען געוואָרגען די ווערטער פון צאָרן.

אין פון די אויגען האָבען זיך ווי פינקען געשיט.

עטליכע מעהר אויסגעניכטערטע פון דער באַנדע האָבען אָבגעטרעטען. זיין אויסזוכט, זיינע דורכדרינגענדע ווערטער האָבען אָבגעהאַלטען די צובושעוועטע קראַפט. דער לאַנגער סטודענט איז פלינק אַרויפגעשפּרונגען אויפ'ן פענסטער, האָט אָבגעשטיפט דעם אַלטען און האָט זיך אַליין אַ נידערגעשטעלט אַנטקעגען איהם.

די באַנדע איז מיט אַ געפּילדער פאַרביינגעגאַנגען. און דער פּראָצעסיע האָבען זיך געהערט געלעכטערען, דראָהונגען, קולות, אין זידלערייען. ביסלעכווייַז האָבען זיך די קולות אויפ-געהערט אַזוי דייַטליך צו הערען . . . . . . . . . . . .

דעם אָבענד האָט קיינער ניט געלערנט ביים טיש, קיינער האָט ניט געאַרבייט ביים ווערקשטאַט. פון אונטערען רויטען פאַרהאַנגעל פון דער אַלקאָווע האָט זיך אָפט געהערט, דאָס שטילע קרעכצען פונ'ם קינד; אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ פאָלקאָמענע שטילקייט. ווען ניט די צובראָכענע שויבען, ווען ניט די צוואָרפענע אויף דרערד די לעהער זאַכען פון דעם גימנאַזיסט, וואָלט קיינער ניט געקאָנט זאָגען, אַז אין דער פריה איז דאָ געווען אַ שטורעם.

אין אַלקאָווע אויף דעם בעט איז געלעגען דער גימנאַ-זיסט מיט אַ צונעבונדענער קאָפּ. אַ גרין לעמפעלע האָט געלויכ-טען נעבען איהם. דער דאַרער סטודענט, זיצענדיג נעבען

איהם אויפ'ן עק בעט, האָט איהם געהאַלטען בײַ דער האַנד.

אין זײַנע אויגען האָט נאָך געברענט דאָס ניט פערלאָשענע פײַער, וועלכעס האָט זײַן קראַנקע געגומטען אין זײַן ביטער־פערצאָרענטער נשמה.

שטילשווײַגענד, אומעטיג און צאָרענדיג איז ער געזעסען און האָט אַלע מאָהל אונגעדולדיג געקוקט אין ווינקעל פון דער אַלקאָווע.

אין דעם ווינקעל איז געזעסען מענדיל דאַנציגער און האָט זיך קײַן ריהר ניט געטוהן, און געשוויגען.

אײַנגעבויגען און אָנגעשפּאַרט מיט די עלענבויגען אויף די קניהען, און מיט די הענד פערשטעלט דאָס געזיכט איז מענדעל געזעסען אַזוי, פון דער צײַט אָן, וואָס ער איז געוואָהרגע־וואָרען אַז דאָס קינד איז שוין ניט אַזוי מסוכן.

די אונבעוועגליכקײַט און שטילשווײַגעניש פון דעם אַלטען, האָט אַרויסגעבראַכט פון געדולד דעם סטודענט.

— מענדיל! האָט ער ענדליך געזאָגט, — געהט שוין דאָרטען אַרויס פון דעם ווינקעל. — איהר זיצט שבעה. וואָס? דער טײַוועל זאָל עס נעהמען!

בײַם קינד איז ניט מעהר ווי אַלײַכטעס פיבער. אַבי נאָר די הויט זאָל זיך פערציהען און פערוואַקסען, און אַוואָך אַרום וועט ער שוין קאָנען געהן אין גימנאַזיום אַרײַן.

און איהר האָט זיך עפּיס אַזוי פערטראַכט, ווי אימיצער וואָלט בײַ אײַך געשטאָרבען.

— איהר פרעגט מיך, צו זיץ איך שבעה?

יאָ, יאָ, איך זיץ שבעה. איך האָב בעשיט מײַן קאָפּ מיט אַש, איך האָב אַרויפגעצויגען אויף מײַן קאָפּ אַ גראָבען זאַק, און אויף אַש זיץ איך אויך, און איך האָב מיך אויסגעטוהן ווי צו די קינות, און איך האָב שטאַרק חרטה. שטאַרק מאַטער איך מיך, שטאַרק פערביטערט און פערדאַגעהט בין איך...

ער איז אַנטשוויגען געוואָרען און האָט מיט די הענד פאַר־שטעלט זײַן געזיכט. בײַ דער שײַן פונ'ם גרינעם לאָמפּ. האָט ער איצט אויסגעזעהן, ווי אַ ליכטיגער געשפּענסטער. (*

*) שרעקינס בילדער.

דאָס איִנגעל האָט אַ פּאָר מאָהל אַ קרעכץ געטוהן און עס איז וויִעדער שטיל געוואָרען.

מענדיל האָט וויעדער אויסגעדרעהט זיין קאָפּ צום סטודענט און האָט געזאָגט!

— איהר זאָגט, אַז ביי מיר איז קיינער ניט געשטאָרבען? ביי מיר איז געשטאָרבען דאָס, מיט וואָס איך בין געבוירען געוואָרען, מיט וואָס איך האָב זעלציג יאָהר געלעבט, מיט וואָס איך האָב גערעכענט שטאַרבען... יאָ, יאָ, ביי מיר איז געשטאָרבען די ליעבע צו דעם אָרט!

